„פראלעטאריער אלער לענדער פעראייניגט אייך."

„FREIHEIT"

# פרייהייט

ציוניסטיש־סאציאליסטיש־ארבייטער־ארגאן.

ערשיינט יעדען פרייטאג

אדרעסע פיר די רעדאקציאן און אדמיניסטראציאן:
Krakau Dietelsgasse 42.

פרייז פר. איינצעלנע נומער: 4 הל.
אבאנאמענט:
גאנציעהריליך —.2 קראנען
האלב „ —.1

קראקוי, ערשטער יאהרגאנג. נומר 8 13 October 1905.

## געדאנקען צום פארטייטאג פון דער עסטרייכישער סאציאלדעמאקראטיע.

דער פארטייטאג פון דער עסטרייכישער סאציאל־דעמאקראטיע קומט אלין נאהנטער און נאהנטער און זיין טאגעסאדרנונג ווערט שוין דיסקוטירט פון די גענאסען פון אלע עסטרייכישע פעלקער.

די טהעמען פון דער טאגעסארדנונג זענען אן און פאר זיך גענומען זעהר וויכטיג פאר'ן איצטיגען מאמענט. נאר איז די פראגע פונ'ם גענעראלשטרייק שוין בעשפראכען געווארען פונ'ם פארטייטאג דער דייטשער סאציאל־דעמאקראטיע, און מיר מיינען, אז עס ווערען ביי דער דיסקוסיאן קיין נייע אנזיכטען נישט ארויסקומען. אויסער־דעם איז ביי דעם איצטיגען פאליטישען מאמענט אין עסטרייך דער עקאנאמישער קאמפף נישט אזוי וויכטיג אלס דער פאליטישער. די נאציאנאלען און קלאסען־די־פערענצען שטויסען מיט א פחדים'דיגען כח איינער אויפ'ן צווייטען. די מלחמה איז אזוי שטארק, אז דער קאמפף טהוט זיך פערפלאנצען ביז אויף די גאס ארויס, אפילו אויך אויף א בלוטיגען אופן. און אין דער מיטע פון אל־דעם געטומעל און קאמפף, שטעהט די רעגיערונג מאכט־לאז און אונפעהיג א סוף צו מאכען. אצונד איז עס די אויפגאבע פונ'ם פראלעטאריאט דורך די ראדיקאלע פא־דערונג פונ'ם וואהלרעכט א סוף צו מאכען דעם דאזיגען קינדערשפיעל, וואס רואינירט די פעלקער. אבער אויך ביי דעם פונקט וועט נישט זיין א סך צו רעדען, ווייל אין דער פראגע איז נישט איצט דער מאמענט צו שמועסען נאר צו טהון. איבריגענס זענען די גענאסען פון אלע נא־ציאנען און פראווינצען מיט די שוין געמאכטע שריטע פון דער עסטרייכישער געזאמט־עגזעקוטיווע אין דער אנגע־לעגענהייט אין גאנצען איינשטימיג.

עס ווערען אלזא אויף דעם פארטייטאג נישט בלאין פערנעהמען, די וויכטיגע הויפטפראגען פונ'ם פאליטישען און עקאנאמישען לעבען פונ'ם עסטרייכישען פראלעטאר־יאט, נאר מן־הסתם אנדערע נישט אזוי־וויכטיגע פראגען, ווי, למשל, די אנערקענונג פון דער יודישער פארטיי און דאס צולאזען פון איהרע דעלעגאטען.

„ווען קען די עסטרייכישע סאציאלדעמאקראטיע אנערקענען א יודישע פארטיי?" — ערשטענס, ווען די פאדערונגען פון אזא פארטיי זענען נישט צו־ווידער, די פאדערונגען, וועלכע עס שטעלט ארויס דאס „ברינער פראגראם" פון דער עסטרייכישער סאציאלדעמאקראטיע, אקעגען די רעגיערונג און צווייטענס, ווען אזא פארטיי פערטרעטעט די רעאלע אינטערעסען פונ'ם יודישען פראלעטאריאט.

לאמיר אצונד זעהן, ווען א פארטיי שטערט די פאדערונגען פונ'ם „ברינער פראגראם"? — דאס „ברינער פראגראם פאדערט די טעריטאריאלע אויטאנאמיע פון אלע נאציאנען, וואס וואהנען אין עסטרייך. ד. ה. די סא־ציאלדעמאקראטיע קעמפפט דערפאר, אז די איצטיגע איינטיילונג פונ'ם לאנד, וואס נעהמט נישט ריקזיכט אויף די קולטורעלע בעדירפניסע פון די פעלקער זאל ווערען ערזעצט דורך א איינטיילונג נאך די לשונות פון די פעל־קער, וואס זענען אויפ'ן בעטרעפענדען ארט אין דער מא־יאריטעט — עס ווערען אלזא בעשאפען ווערען שפראך־פראווינצען. תמיד ווען אינ'ם פארלאמענט אדער ערגיץ־אנדעריש ווערט גע'טענה'עט איבער די נאציאנאליטעטען־פראגע, אזוי זענען אלע סאציאלדעמאקראטען איינשטימיג אין דער פאדערונג פון א טעריטאריאלע אויטאנאמיע פון אלע נאציאנען. כל־זמן אלע סאציאלדעמאקראטען פון אלע עסטרייכישע פעלקער זענען אייניג אין דער פאדע־רונג, קען מען האפען, אז זיי ווערען די פאדערונג ער־קעמפפען. עס פערשטעהט זיך, אז פראלעטארישע עלע־מענטע — סיי ארגאניזירטע, סיי נישט־ארגאניזירטע — וואס שטעלען ארויס אין דער נאציאנאלער פראגע אנדע־רע פאדערונגען אקעגען דערזעלביגער עסטרייכישער רע־

גיערונג קענען נישט, אַריינגעהן אין דער עסטרייכישער סאציאַלדעמאקראַטיע.

ווען די יודישע סאציאלדעמאקראַטיע גאליציענס וואלט געווען קאנסעקווענט, וואלט זי געמוזט ארויסשטעלען די פאדערונג פון א נאציאנאַלע אויטאנאמיע אהן ריקזיכט אויפ׳ן לאנד (ווי, למשל, זייערע רוסישע הברים די "בונדיסטען"), דעמאלט וואלט פאר זיי אין דער עסטרייכישער סאציאלדעמאקראטיע גאַנץ געוויס קיין פלאץ נישט געווען. אַזוי ווי אבער זיי נעהמען צו דער פראַגע איבערהויפט קיין שטעלונג נישט, ווייזט עס אויס, אז זי ווילען נישט אַנטהייל נעהמען אין איינעם פון די הויפטקעמפפען פונ׳ם עסטרייכישען פראלעטאַריאַט אין דער געגענוואַרט. אויב אַזוי האט די עסטרייכישע סאציאלדעמאקראטען אַ ודאי קיין אינטערעס נישט זיי אַריינצונעהמען.

לאמיר אַצונד זעהן, ווען א פאַרטיי אַרויסגעהענדיג פון די רעאַלע אינטערעסען פון א געוויסען פראלעטאַריאַט שטעהט צו, צו דער עסטרייכישער סאציאַלדעמאקראַטיע? — די רעאַלע אינטערעסען פון א געוויסען פראלעטאַריאַט, דאס זענען די לעבענספראגען, פון זיינער עקאנאַמישער און דערפאר אויך פאליטישער און נאַציאנאַלער עקזיסטענץ. כדי צו לעזען אויפ׳ן סאציאַליסטישען אופן די לעבענספראגען פון אַ נאציאָן, ארגאַניזירט זיך אין יעדען פאלק א פראלעטארישע פאַרטיי, וועלכע מוז צושטעהן צו דער עסטרייכישער סאציאלדעמאקראַטיע. אין דעם אופן איז די עסטרייכישע סאציאלדעמאקראַטיע די אמת׳ע פערטרעטונג פון די רעאַלע אינטערעסען אלע עסטרייכישע פעלקער. אויב אפילו די עסטרייכישע סאציאלדעמאקראַטיע וואלט וועלען אַריינגעהמען א יודישע פארטיי, וואלט די פאַרטיי געמוזט פערענטפערן די יודענפראגע אין א סאציאליסטישען אופן, ווייל נאר אזא פארטיי קען פערטרעטען די רעאַלע אינטערעסען פונ׳ם יודישען פראלעטאריאט, און זיך צופאַסען צום אמת׳ען האראקטער פון דער עסטרייכישער סאציאלדעמאקראטיע. די יודישע סאציאלדעמאקראטיע גאליציענס, האבענדיג אלס איהר רעאלען פונדאמענט נור די אגיטאציאן אין זשארגאן קען נישט פערלאנגען אנערקענט צו ווערען אלס די פארשטעהערין פון די רעאלע אינטערעסען פון דער יודישער מאסע. פון אלע פארטייען אין גאליציען וואס זענען טעטיג צווישען די יודישע ארבייטער, האַט "די יודישע סאציאלדעמאקראַטיע" דאס ווינציגסטע רעכט אריינצוגעהן אין די עסטרייכישע סאציאלדעמאקראטיע אלס פארשטעהערין פונ׳ם יודישען פראלעטאריאט.

מיר זעהען אצונד, אז די יוד. סאצ.-דעמאקראטיע זייענדיג קאנסעקווענט טאר זי נישט, זייענדיג נישט קאנסעקווענט ברויך זי נישט שטייענדיג אויפ׳ן יסוד פון זשארגאנאגיטאציאן קען זי נישט אויפגענומען ווערען פון דער עסטרייכישער סאציאלדעמאקראטיע.

---

# די וועלטאַנשויאונג פונ׳ם פראַלעטאריאַט.

## I

## קלאסע און וועלטאנשויאונג.

אויב א קינד וויל בעטראכטען און דערקענען פערשיעדענע זאַכען, אזוי בעדאַרף עס דערצו האבען זיינע זינען, ד. ה. די פעהיגקייטען כדי צו זעהען, צו הערען, צו פיהלען צו שמעקען א. ז. וו. דיזע פעהיגקייט האט דאס קינד תיכף נאָך דעם געבוירענווערען אדער עפיס שפעטער.

אויב דער מענש וואַקסט אָבער ווייטער און עס ענטוויקעלט זיך ביי איהם דער כח פונ׳ם זכרון (געדעכניס), אזוי הייבט ער אן זיך צו מערקען אלסדינג וואָס ער האט אינ׳ם לויף פון דער צייט געזעהען, געפיהלט, געהערט א. ז. וו. דער סך־הכל פון אַל די דאָזיגע עראינערונגען הייסט מען דעם שכל. האט זיך ביי אַ מענש ענטוויקעלט דער שכל, אזוי איז ער בכח צו דערזעהען און פערשטעהען נישט בלויס קאנקרעטע *) זאַכען נאָר אפילו אויך אבסטראקטע **) פאָשטעלונגען. אַזוי ווי ביי יעדען איינציגען מענשען איז צוערשט געקומען דער רויהער זין און ערשט שפעטער דער פיינער פערשטאַנד, אַזוי האָט זיך דער מענש בכלל ענטוויקעלט אויס א האַלבע חיה (האַלבטיער) צו א אמת׳ן מענש און דער סימן פאר דער דאָזיגער ענטוויקלונג איז דער איבערגאַנג פונ׳ם זין צום שכל.

אז דער איינצעלנער מענש בעקומט שכל, הייבט ער אן זיך צו בילדען, ד. ה. ער הייבט אן די וויסענשאַפט צו ערלערנען.

וואס איז דאָס וויסענשאַפט? — די וויסענשאַפט

---

*) א זאך הייסט קאַנקרעט וואס מען קען געוואהר ווערען מיט איינעם פון די 5 מענשליכע זיננען.

**) א זאך הייסט אבסטראקט, וואס מען קען נור דורך דעם געדאנק געוואהר ווערען און נישט מיט די זינען.

---

גענאָסען! זאמעלט פאר די זעלבסטשוצאָרגאניזאציאָן פון אונזערע רוסישע הברים.

בעדייטעט פאר די געזעלשאפט דאס, וואָס דער שכל טהוט בעדייטען פאר'ן איינצעלנע מענשען. די וויסענשאפט טהוט צונויפבינדען אלין דאס וואס די מענשהייט האט איבערגעלעבט ביז צו דער צייט און וועלכער די בעטרעפענדע שיכט פון דער געזעלשאפט איז ענטשטאנען. דער אבקלאנג פון אלע פאסירונגען אינ'ם לעבען פונ'ם דעם איינציגען מענשען הייסען מיר שכל, און דעם אבקלאנג פון אלע פאסירונגערן אינ'ם לעבען פון דער געזעלשאפט הייסען מיר וויסענשאפט. אז דער איינצעלנער מענש הייבט זיך אן צו בילדען ענטשטעהט א געוויס שיכות (פערהעלטנים) צווישען איהם אלס א פערזענליכקייט מיט שכל און דעם גייסטיגען לעבען פון זיין געזעלשאפט בכלל. דאס דאָזיגע שיכות רופט מען די וועלטאנשויאונג פונ'ם אינדיווידיאום (איינציגען מענש). כדי צו פערשטעהען און צו בעמערקען די פאסירונגען אינ'ם פאליטישען און גייסטינען לעבען פון דער מענשהייט, מוז יעדער מענש האבען א וועלטאנשויאונג.

עס ענטוויקלען זיך ביים איינציגען מענשען בפרט און אין מענשליכע געשיכטע בכלל כסדר (נאך דער רייהע): זינען, שכל און וועלטאנשויאונג.

די וועלטאנשויאונג איז אלזאָ דער פּראָדוקט פונ'ם מה פונ'ם איינציגען צוזאמען מיט דער וויסענשאפט פון דער געזעלשאפט. אויב מיר ווייסען אצונד אז דער שכל איז דאס ערלעבנים פונ'ם איינציגען, און די וויסענשאפט איז דאס ערלעבנים פון דער געזעלשאפט, אזוי מוזען מיר שוין אצונד וויסען, אז די וועלטאנשויאונג וואקסט ארויס פון צווייערליי ערלעבניסען, דהיינו אי דאס ערלעבנים פונ'ם איינציגען און אי דאס ערלעבנים פון דער געזעלשאפט. אויס דיעזע איבערלעגונגען דערזעהט מען קלאר, אז וועלטענשויאונג קען נישט זיין דאס אייגענטום פון איינציגע מענשען אליין, נאר פערקעהרט זיי האפען ארום גרויסע חלקים פון דער מענשהייט און מען מוז איבערדעם זאגען: וועלטאנשויאונג זענען מאסענערשיינונגען. לאמיר אצונד זעהען וועלכע מענשען האָבען א בשתפות'דיגע וועלטאנשויאונג? —

א בשתפות'דיגע וועלטאַנשויאונג האָבען אלע די דאזיגע מענשען וואָס זיי האבען אינ'ם לעבען מיטגעמאכט עהנליכע פאסירונגען און וואס זייער בילדונג האט געטראָגען דעם זעלבען האראקטער.

צו א יעדער צייט פון דער מענשליכען געשיכטע האָבען תמיד עקזיסטירט גרויסע טיילע פון דער מענשהייט, וואס זיי האבען געהאט געמיינזאַמע ערלעבניסע. למשל די רעמישע און גריכישע, דייטשע און מצרימ'שע שקלאפען האָבען אינ'ם אַלטערטום כמעט דאָס זעלבע געפיהלט נישט קוקענדיג אויף דעם וואָס זיי זענען געווען טיילע פון פערשידענע נאציאָנען און האָבען געוואהנט אין פערשידענע לענדער מוז מען זאגען אז זיי אלע האָבען געהאט דיזעלביגע עקאָנאָמישע קלאסענלאגע און אויך דיזעלביגען געזעלשאַפטליכע געפיהלע. — נעמליך די, פון שקלאַפען. זיי אלע האָבען זיך נישט געשפירט אלס אייגענטימער פון זייערע אייגענע גופים. אלע שקלאפען פונ'ם אַלטערטום זענען געווען גייסטיג כמעט גאר נישט ענטוויקעלט און דערפאר האבען זיי אויך כמעט נישט געהאט א פערשטאנד — נאר א געפיהלסלעבען. נור דעמאַלט ווען מיר טהון אנערקענען אז די גאנצע שקלאפענקלאס פון דער אלטע וועלט האט געהאָט (עס פערשטעהט זיך אויף א אונבעוואוסטען אופן) א איינציגע וועלטאנשויאונג, קענען מיר בעגרייפען, אז אזא אידעע ווי דאס קריסטענטום האָט זיך געקענט פערשפרייטען אזוי גיך איבער די גאנצע קולטור וועלט פון דער דאַמאַליגען צייט. געמיינזאמע אונטערדריקונג און געמיינזאמע אונוויסענהייט האָבען בעשאפען ביי די שקלאפען פון אלע נאציאנען א בשתפות'דיגע וועלטאנשויאונג וועלכע איז געווען דער יסוד פון דער געפיהלפאַלען קאָמוניסטישען בעוועגונג פון די ערשטע קריסטען.

אזוי זענען געטראגען געוואָרען, אַלע גרויסע אידעע און בעוועגונגען פון אלע צייטען אין דער געשיכטע פון איינצעלנע קלאסען. יעדער קלאס אין יעדעם צייטאלטער האט געהאט זיין ספעציפישע וועלטאנשויאונג און דאס דערפאר ווייל אלע מיטגלידער פונ'ם בעטרעפענדען קלאס האבען געהאט עהנליכע ערלעבניסע און זייער בילדונג האט געהאט דעמזעלבינען כאראקטער. אויס דעם יסוד פון די דאזיגע קלאסענוועלטאַנשויאונגען זענען ארויסגעוואקסען אלע אלע בעוועגונגען אין דער מענשליכען געשיכטע.

אויב מיר ווילען בעטראכטען אין די פאלגענדע ארטיקעל די וועלט אנשויאונג פונ'ם פראלעטאריאט — ד. ה. דעם היסטארישען מאטעריאליזמוס מוזען מיר זיך שטעלען די פאלגענדע פראגען: 1. וועלכעס זענען די ערלעבניסע, וואס זענען געמיינזאם פאר אלע מיטגלידער פון דער ארבייטער קלאס? — 2. וועלכעס איז דער

כאראקטער פון דער בילדונג וואס דער פראלעטאריער נימט אין זיך אויף *)? —

אז מיר וועלען פערשטעהען די וועלטאנשויאונג פונ׳ם פראלעטאריאט, וועלען מיר אויך פערשטעהען דעם כאראקטער פון דער קלאסענבעוועגונג פונ׳ם פראלעטאריאט — סאציאליזמוס.

יעדער געשיכטליכער קלאס, האט — בעוואוסט אדער נישט בעוואוסט — געהאט זיין וועלטאנשויאונג אין זיין בעוועגונג. דורך איהר וועלטאנשויאונג נעהמט יעדע קלאסע צוזאמען דעם רעזולטאט פון דער ביזאיצטיגען געשיכטע, און דורך איהר בעוועגונג טהוט זי בעאיינפלוען די קונפטיגע געשיכטע. דאס איז די היסטארישע אויפגאבע פון א יעדער קלאס.

(פארטזעצונג קומט).

# קראניק.

**טארנאוו.** מיר האבען אצונד אין אונזער שטאדט אונגעהויבען א ארבייט, וואס האט ביז איצט ביי אונז איבערהויפט נישט עגזיסטירט. מיר בעפאסען אונז נעמליך זעהר ערנסט מיט וויסענשאפטליכען סאציאליזמוס, און נישט מיט פראזיאלאגישער אגיטאציאן וואס איז ביז אצונד געווען די מעטאדע פון אנדערע פארטייען. מיר קלויבען אונז איבערדעם צוזאמען כמעט יעדען אבענד אין גרופען און שטודירען סיסטעמאטיש. דער ערפאלג איז שוין קענבאר, דען אונזערע חברים אגיטירען פיעל לעבעדיגער און פיעלבעוואוסטער אלס מיט אפאר הדשים צוריק; מיר פערברייטען אויך פון אונזער ארגאן „פרייהייט״ יעדע וואך איבער 100 נומערן, וועלכער אינהאלט האט א גרויסען רושם אויפ׳ן מח פונ׳ם טארנאווער יודישען פראלעטאריאט.

ט״ש.

**סטאניסלוי.** שבת דעם 7 ד. מ. האט אונזער גענ. ב. אוים קראקוי פאר א פועלי־ציוניסטישען פובליקום געשפראכען, אין א 2 שטונדיגער רעדע האט אונזער גענאסע אונטער גרויסען בייפאל, דאס פראגראס פון די ס. ס. א. פ. ענטוויקעלט. נאך דעם פארטראג איז געקומען צו א דיסקוסיאן׳ צווישען אונזערע חברים און די פועלי־ציון. די פועלי־ציון וואלטען געוועזן אסך קליגער געטהון ווען זיי וואלטען זייער גענעראלרעדנער העררן פייערמאן גאר נישט ארויסגעשטעלט, דען ער האט נאך איינמאל בעוויזען ווי פערוויקעלט און נישטלאגיש זייער שטאנדפונקט איז. פון אונזערע חברים האט דערנאך דאס ווארט ערגריפען גענ. וואלטער וועלכער האט קרעפטיג און קלאר בעוויזען ווי שעדליך עס איז פאר׳ן יודישען פראלעטאריאט די דעמאגאגיע פון די עסטרייכישע פועלי־ציון און האט געענדיגט מיט דער אויפאדערונג צו דער פערזאמלונג אז אלע ארבייטער זאלען צוטרעטען צו די וויענער צענטראלגעווערקשאפטען.

א.

*) עס קומט נישט אן אויף דעם קוואנטום פון דער בילדונג, נור אויף איהר טענדענץ.

---

# בריעפקאסטען.

**בראדי. ר.** איהר קענט רוהיג בלייבען. בראד איז נישט אייראפא און דער „יודישער ארבייטער״ איז נישט דער ארגאן פון דעם יודישען פראלעטאריאט. נישט דער חסידישער ארבייטער האט מיט אונז רחמנות, נור פערקעהרט ווילען מיר אוים רחמנות אויף אונזערע לעזער אזוינע עם־הארצ׳שע נארישקייטען נישט ווידערהאלען. **מ. נ.—ל. קאלאמעא.** איהר האט מן־הסתם נומר 4 „פרייהייט״ נישט געלעזען, אנזאנסט וואלט איהר אליין געזעהן אז מיר האבען קיינמאל נישט אויפגעפאדערט די פועלי־ציון צו א קריטיק. די איפאדערונג איז געווען צום סוף פונ׳ם ארטיקעל „סעפאראטיסטען, בונדיסטען און טערריטאריאליסטען״ ד. ה. אז די עסטרייכישע פועלי־ציון קומען ביי אונז אין דער הינזיכט פון קריטיק גאר נישט אין בעטראכט. **ד. פשעמישל.** בריעף ערהאלטען. **צ. ש. ל. ק.** אפשר זייט איהר גערעכט. **ק.—ל.** איין רעדאקציאנסמיטגליעד פון דער „פרייהייט״ קומט זאנטאג אהין.

---

מיר בעטען אלע חברים, וואס האבען ביז איצט מיט אונזער אדמיניסטראציאן נאך נישט פערעכנעט, דאס תיכף צו טהון, כדי מיר זאלען די וויטערע נומערן קענען פונקטליך צושיקען.

---

אלע געלדזענדונגען זענען צו ריכטען אן דער אדרעסע:

**Abr. Schreiber, Kraków, Długa 15.**

---

Wydawca i odpow. redaktor: Schulim Freund, Krakow. — Drukiem Józefa Plessnera i Ski w Podgórzu